


# האַרף אין דעמער



הונדערט קליינע לידער

בוענאָס־איירעס
1976

## בלאָער חלום

1

בלאָער חלום, פיר מיך אַוועק אין ערגעצלאַנד,
ווו מײַן טראָט
זאָל זײַן בלויז ריטם,
ווידערקלאַנג פון לירע
און ווו כ׳זאָל אין דמיון
קענען ווען דערזען דעם גאָט
דעם אייביקן
פון מײַן פיבערנדיקער שירה.

חלום, פיר מיך אַרויס
פונעם גרילץ און בראַזג — די וואָר,
וואָס אײַנזיקט מײַן בלוט,
ברעכט ווי שטורעם מײַנע קנאָכן.
ברענג מיך,
זאָל זײַן אין פולער רייפקייט פון מײַנע יאָר —
צום ניסימדיקן תוך
פון אַלע מײַנע תוכן.

2

ער טוט אַ בלוי אַרײַן,
דער הירש, אין שויב —
אין דער מאַטעוועער
פֿון אַלע מײַנע שעהען
און כ׳זע:
אויף זײַנע הערנער טראָגט ער שטויב
און מידע פֿונעם ווײַטן וועג
זײַנע טלאָען.

ווײל איך אים אַרײַנבעטן,
ווי ס׳ע פּאַסט,
צו מיר אין הויז, דעם הירש —
מײַן בלאָען חלום,
אַז בין רגע —
נישטאָ מײַן גרויסער גאַסט,
וואָס אַן אויסגעבענקטן
אין דעם אַ ליד כ׳מאָל אים.

# גלעזערנער טורעם

נישטאָ קיין אַנדער ברירה,
ווי דער גלעזערנער טורעם —
פֿאַרגאָרנט און באַוואָרנט
פֿאַר ווערעמדיקן ברויז.
דאָ אָ בין איך דאָס פֿייַער,
דער גליִענדיקער פּורעם
און דאָ וועט זייַן עד יעבור זעם
מייַן וועלט און מייַן הויז.

פֿון דאַנען — אַ באַשטראַלטער
מיט אַלע גרויסע זונען,
כ'זע און פֿיבער־איבער אייגענעם
און פֿרעמדן פּייַן.
ערשט דאָ, אין גלעזערנעם מקום־מקלט,
כ'האָב געפֿונען
דעם קערן וואָס שיילט זיך אויס
פֿון פֿינצטערניש צו שייַן.

## א יי נ ז אַ מ ק יי ט

דעם אַלבאַטראָס פון איינזאַמקייט —
כ׳זע אים נאָך פליגלען
אין דער בלויקייט
פון די הויכע רוימען — אַליין,
ווי אונטן פלעקט זיין שאָטן
אויף ימס גרינע שפּיגלען
און ער קען זיך נישט אויסלעשן,
קען נישט פאַרגיין.

יענער פאַרהימלטער פויגל —
לדוגמא מיין לעבן
קרייזט-אום אין מיין דמיון,
אין מיין בלוט, מיין געביין.
ביז כ׳וועל נישט
מיין לעצט-ערדישן חלק אָפּגעבן,
די אַ איינזאַמקייט — ווי מיינע —
וועט נישט פאַרגיין.

# פאַסטעך פון וואָלקנס

1

כ׳בין דער אַלט־פאַרשטויבטער פאַסטעך
פון וואָלקנס. דער היטער
פון וואַרעמע שאָטנס — טעג,
אויסגעפּלאָנטע אין גלותן.
אין מײַן פאַרפּאַסט הילצערן פײַפל
גוססט נאָך דער ציטער
פון ניגונים — אָן עכאָם —
געשטאָרבן אין מײַנע בלוטן.

כ׳פיל נישט קיין כזית ערד
אויף הימלדיקע פליינען,
כ׳זינק דאָ אין פּחדים־ספערן —
פאַרלוירן און פאַרשוויגן.
מײַנע שוואַרצע שאָף — די וואָלקנס —
בלאָנקען און מיינען,
נאָך לאַנג וועט דער לירישער נאַר
זיי שפּילן אַ ניגון.

2

אַנען זיי נישט — די וואָלקנס —
עס רוקט זיך אָן דער דעמער
און די אייביקע שטילקייט
אונטערן גלימער פון שטערן?
העי, אײַער שומר וועט אײַך מער נישט
פֿײַפֿלען אַ זמר —
איר זאָלט, חלילה, אויף תמיד
נישט אַנטשלאָפֿן ווערן.

קוקט אים אָן, דעם פֿאַסטעך אײַערן
אין שנייִיקע שלייפֿן,
מיט וויפֿל צער זײַנע בלאָע אויגן
גייען איבער — — —
אײַ, וואָלקנס מײַנע, שאָטנס,
אין דעם אַ ווייטיק רייפֿן
אויף אייביק אַראָפּלאָזן די וויִעס
וואָלט איך ליבער.

## ליד און וויין

פרעג נישט פאַר וואָס
כ׳בין היינט אָנגעכמורעט,
פאַר וואָס מיין טראָט
איז איצט שלאַבעריק שווער.
זעסט חאָך,
דער פיין האָט מיך איינגעניורעט,
אין מיין אויג פינקלט
נישט-דערבליצטע טרער.

אפשר דערפאַר
און אפשר פאַר יענעם, —
כ׳וויים נישט פון וואַנען
דער קוואַל פונעם פיין,
איך וויים —
כ׳קען נישט דעם ערדישן גיהנום
לעשן אַ רגע
מיט ליד און מיט וויין.

## ווידערבלי

אין אַשן גראָען
מײַנע יאָרן אויסגעברענט,
מײַנע בלומיקע,
זומערדיקע יאָרן.
נאָר זע: פון די אַשן שימערט אַרויס
און בלענדט
די קראַפט
פון נײַע שאַפערישע וואָרן.

יאָ, ווידערבלי ווי פלאַנץ,
אויפגלי ווי אַ שטערן
אין לעצטער נאַכט פון אָטעם
און פון דופק.
מײַן בלוט — פיל איך בחוש —
און כ׳קאָן עס הייליק שווערן,
איז אַ טײַך אין פרילינג —
שוימיק און לויפיק.

# אָוונטשײַן

זי שנײַדט ס'האַרץ, די אומצופֿרידנקייט —
ווי מיט חלפֿים
און פֿון ווייטיק לויף איך אום,
ווי אָנגעטון אין פֿלאַם.
יעדן יצירה־טאָג,
וואָס אין צאַפּלעניש איך דערהאָף אים, —
פֿאַרשלינגט נוליקע פֿאַרטרודקייט,
ווי תּהום פֿון ים.

כ'זע, דער אָוונטשײַן
גענעגנט שוין צו מײַנע שויבן
און אַ וואָלקן אַ בלאָער
רוקט אָן זיך אויסגעגליט.
כ'האָב שוין באַלד קיין צײַט נישט
פֿון דער ערד זיך אָפּצושטויבן
און וואַרטן ווי אַ פֿולע זאַנג
אויפֿן לעצטן שניט.

# לירישער זמר

זיץ מיט מיר דאָ אַ
בײַם ראַנד פֿון טאָג
און שווײַג ווי דער בוים
אין גסיסה פֿון דעמער.
— אַליין לעשט זיך, פֿאַרגייט
גלייב, וואָס איך זאָג,
נאָר נישט פֿון דײַן בלוט
דער לירישער זמר.

ער לעבט אַפֿילו
נאָך דײַן געביין,
וואָס איז שוין פֿאַרקנסט
מיט ערדישן אייביק.
דאָ, בײַם ברעג פֿון טאָג,
שווײַג ווי דער שטיין
וואָס ווייסט נישט,
אַז אויך ער איז נישט בלײַביק.

# מײַן זעמדל וועלט

מײַן שווער פֿאַרהאָרעוועט,
מײַן בידנאָטע זעמדעלע וועלט,
וואָס איז אַזוי סומנע,
פֿאַרטראָג עס קוים מיט עינויים, —
וואָלט מען היעניש ביזן בלוט
אײַנגעביסן און צעקרעלט —
אַזוי גרויס איז די קנאה
פֿון די ברעקלעך ברואים.

מײַן גאָט, פֿאַרקוק נישט
דעם ברעניקן פּײַן פֿון מײַן געביין
צווישן דערנער —
באַשעפּעניש אין דײַנע אויגן;
צעקרישל זייערע הייסע
פֿאַרצוקנדיקע ציין,
טו־אָפּ דעם וואָלקן שרעק
אויף מײַן שטויבל וועלט פֿאַרצויגן.

## דײַנע רייד

צעראַיע מיך נישט מיט דײַנע רייד —
צײַן פון בראָנעם,
לאָז מיך מיטן געמיט,
מיטן זין פון מײַן בלוט.
אַז טיפער ווייטיק־שטאָך
דײַן יעדער וואָרט אַ צאָן איז,
ווײַט יעדער ווונד — געדענק עס —
זײַן אַ רויטע רוט.

לאָז מיך טשערעפּאַכיש
דעם וועג פון מײַנע וועגן
דערצײַען צום אויפבליץ
פון אייגענעם באַשייד.
כ׳וועל זיי אַליין באַשטראַלן —
מײַנע ספיקות־ברעגן,
נישט צעבראָנע,
צעווייטיק מיך מיט דײַנע רייד.

# ליכט און שאָטן

די נסיעות
אין דזשונגל פון מײַן געמיט
כ׳קאָן זיי לחלוטין
נישט פאַרמײַדן.
יעדער שפּאַן —
מיט פריסיק אָנגעגליט,
ציטערט מיך אויף
אין ברי פון לײַדן.

מיין נישט,
מיר איז גיחא דער אָ וויי,
כ׳וואַרף מײַן לײַב
אויף הפקר־באַראָטן.
נאָר אין די אָ דזשונגלען
וווּ איך גיי,
דעק איך אויף ליכט
אין יעדן שאָטן.

# ליידיקע זאַנג

אין דעם אַ געווירבל,
דעם ווירוואַר
פון רייד, פון טריט, פון רויש
און פון פאַלשע פרייד'ן
בין איך איבער זיך אַליין
דער האַר,
פון מײַן אַליין־זײַן
וועט קיינער מיך נישט שיידן.

איך האָב זי פײַנט
די ליידיקע זאַנג,
די פוסטע נוס, דעם בוים —
וואָס טראָגט נישט קיין פירות.
ניין, נישט מײַנער
איז דער שטויבנגאַנג
פון אײַטלקייט, פונעם גײַץ און רייץ,
וואָס לער איז.

## האַרף אין דעמער

אויף דער האַרף
אין דעמער פון מײַן געמיט —
כ'זע: עס טונקלט שוין
דער ערשטער שאָטן,
כאָטש אויף די סטרונעס
צאַפּלט נאָך און גליט
אַ פונקל זון
אויף פערזיקע נאָטן.

אויף דער האַרף
אָט וועט די אייביקע נאַכט
מיט איר צווייטן שאָטן
זיך פאַרקלײַבן.
נאָר באַנג נאָך זון,
וואָס טאָג האָט מיר געבראַכט —
ווי נאַכט אין מײַן געביין
וועט פאַרבלײַבן.

## טאָוולען גלות

דעם פרילינג,
וואָס דו פילסט נישט פון מײַן פּנים
און זײַן בלי,
וואָס דו זעסט נישט אין מײַן בלוט, —
ווי וואָלט געווען צו מיר
צו שפּרײַזן אָן אים
דורך די אַ דזשונגל־טעג
אויף טאָוולען גלות.

דו זעסט אים נישט,
ווײַל ס'איז דײַן בליק פאַרצויגן
מיט בעלמעס שפּינוועבס
פון אַ טויטער שפּין.
סוף־כל־סוף
וועט ער דיר אויפרײַסן די אויגן
און וועסט שטוינען —
זײַן שטראַליק ליכט איך בין.

## זון און וואָלקן

צען מאָל אין טאָג בין איך צען מאָל
אַנדערש און פֿאַרשידן, —
טאָ, ווי זאָגסטו,
אַז דו קענסט מיך שוין פֿון לאַנג?
מײַן געמיט — אַ פֿאַרבנברעט
און די קאָלירן זײַדן
מיט זון און מיט וואָלקן,
מיט פֿרייד און מיט באַנג.

יאָ, צען מאָל אין מעת-לעת
בין איך צען מאָל דער און יענער,
אָ, דו האָסט מיך ביז אַצינד
נאָך נישט דערקענט.
מײַן האַרץ איז אַ פֿידל
מיט פֿלאַקערנדיקע טענער
און אַלץ אין מיר לעשט זיך,
אַלץ אין מיר נאָך ברענט.

## פ נ י מ ע ר

1

זיי טויכן־אויף ווי דערטרונקענע
אויפן שוימפלאַך פון זיכרון —
די פאַרשוווּנדענע פנימער
אין שפיגל פון מײַן וואָר;
זע — טענהן זיי צו מיר, —
זע וואָס, נעבעך, ס׳איז פון אונדז געוואָרן,
דערקענסט אונדז נישט? —
קלאָגט אין מײַן בלוט אַרײַן אַ מתים־כאָר.

דאָס געשעט בײַ טאָג, ווען איך וויג מיך
אויף די זוניקע פליגל
פון מײַן דמיון צווישן הויכן גראָען שטויב
פון דער וואָך, —
טויטע פנימער, וואָס איך געדענק זיי קלאָר
העט פון מײַן וויגל
און כ׳וועל נישט פאַרגעסן
ביז מיך וועט צודעקן ערד און מאָך.

2

זיי קומען אויך צו גאַסט ביי נאַכט,
אין מיין חלום — די פּנימער
און זייגן־אָן מיט אַבלות
מיין קיל שלאָפנדיק בלוט.
איך רייס מיך אויף צעשראָקן אין געשריי,
כ׳קוק און זע קיינעם מער,
נאָר כ׳פיל — מיין האַרץ —
צעפּאַסעוועט ווי פון אַ הייסער רוט.

מיין גאָט, — טריפט מיין פּיין פון די אויגן
און ס׳גליִען די געהירן, —
וואָס ביישטסטו מיך אַזוי?
אפשר שולדיק וואָס איך לעב? זאָג!
ווי איוב קראַץ איך מיין לייב —
אויפגעלאָפן אין וויי־געשווירן.
מיין אַנגסט ווילן נישט מקבר־זיין
די שאָטנס פון טאָג.

## קיל גאָלד

האָס פֿאַרנאַכטיקע גאָלד
איז שוין קיל,
כאָטש האָריזאָנטן
נאָך גליִען אין גלוטן.
רונדאַרום ווערט אַלץ
שטילער און שטיל.
דעמער בלוטיקט־אויס
אין לעצטע מינוטן.

ס׳פֿעלט נאָך —
קלאַווישן, אַקאָרדנוויַיז
זאָלן צאַפּלען
אונטער שאָפּענס נאָקטורן
איצט, ווען שאָטנס —
ווי פֿלעדערמיַיז,
פֿליִען־אָן
אויף די שטאָטישע קאָנטורן.

# עלנט

יענער עלנט,
וואָס האָט געשאָטנט מײַנע טריט,
ווײַל קיין אייגן דאַך
נישט צוגעדעקט האָט מײַנע יאָרן, —
איז ווי אַ בוים,
וואָס וועט נישט האָבן מער קיין צווייט,
ווי קיין מאָל צווייטע נישט
אונטער זון דער מדבר־דאָרן.

נאָר ס'איז געבליבן מיר
דער עלנט פונעם ליד,
ווי דער עלנט פון אַ קינד
אויף יתומישע רוינען.
ער טראָגט־אָן וואָלקנס אומעט
אויף מײַן יעדן סליד,
ווו איך גאַר
אַ כוסה ליכט און הײַטערקייט געפינען.

# גליווערעמלעך

כ׳האָב אײַך נישט ליב, נײַן!
מער נאָך — אַז בלוי פֿון צאָרן
װערן מײַנע ליפּן,
װען פֿון אײַך צו מאָל איך טראַכט:
װי גליװערעמלעך בײַ נאַכט
איר גייט־אויף אַקוראַט,
און מיטן שפּראַץ אויף טאָג —
אוים מיט זייער שײַן געװאָרן.

אין אײַער עקרדיקן װאָרט
איז נישטאָ קיין קערן
און ער װעט נישט זײַן,
כ׳שווער עס — ביז אײַער לעצטן טאָג.
נישט די פּלעװע,
נאָר דער קאָרן איז די עכטע װאָג
און װײַל מיט ברויט
קענען שטיינער טראָגעדיק נישט װערן.

## טויטער וואַלד

אין דעם אָ וואַלד,
ווו כ׳האָב מיך אויפגעכאָוועט אין געזאַנג
און ווו פון יעדער צווייַג
כ׳האָב אַרויסגעכישופט קלאַנגען,
אַצינד איז דער אָ וואַלד
איין גרויסער קלומב פאַרקנוילטער באַנג
צום ליד־געצאַפל,
וואָס איז אין אים שוין אויסגעגאַנגען.

ס׳הענגט אויף אים
דער מרה־שחורה־וואָלקן פון אונטערגאַנג,
אין שטומען וועלק און וויאַן
יעדער בלאַט איז דאָ געפאַנגען.
ווי איז צו דעם וואַלד,
וואָס אין אים — אַזוי פיל יאָרן לאַנג
איז קיין איינציק־יונגע פייגל־נעסט
נישט אויפגעגאַנגען.

# שנאָבלען האַס

ביַי נאַכט, כ׳הער ס׳האַווקעט אַ הונט,
האָב איך אויף אים רחמנות:
אפשר הונגעריק, דאָרשטיק,
אפשר טוט אים עפּעס וויי?
איך וואָלט אַלץ איצט אָפּגעגעבן —
גלייבט מיר בנאמנות,
פאַרשטילט זאָל ווערן דאָס געוואָי,
זיַין האַווקענדיק געשריי.

טראַכט איך: גאָטעניו,
אַזוי פיל קראַקען אויף מיר ראָבן,
טאַקע ווי דיַינע הינט —
אָן אויפהער אין הויז צי אין גאַס,
נאָר אויף מיר איז קיינער נישטאָ
מ׳זאָל רחמנות האָבן,
ווער ס׳זאָל אויסריַיסן
זייערע מנוּוולדיקע שנאָבלען האַס.

# לעצטער צוק

ס׳איז געווען אין אַ פרימאָרגן.
אין איינער אַ מינוט,
כ׳האָב געזען — ס׳ווערט טונקל,
כ׳האָב געפילט — אויסגעלאָשן,
טויט ווערט דער לעצטער צוק
אין די געפעסן פון מײַן בלוט
און אַז עמעץ נעמט מיר אָפּ
דעם מאַרך און דאָס לשון.

נישט מער ווי איין מינוט — נײַן,
מעגלעך — אַ רגע, נישט מער,
און כ׳האָב דערשפירט אים
יענעם סוף פון אַלע סופן.
אפשר האָט געהאָלפן דער רחמנות
אויף מײַן קינדס טרער —
מײַן האַרץ זאָל נישט
אויף אייביק ווערן אײַנגעשלאָפן.

## שעה פון חצות

מײַנע אויגן — דימענטן —
שנײַדן ס׳חושך פון צימער.
מיד, איך זיץ אַליין
אין ערשטער שעה פון חצות.
אין מוח צינדט זיך אָן אַ געשטאַלט.
עס טוט אַ שימער,
ווי אַ גליוואָרעם
און מיט אַ מאָל לעשט זיך אוים.

וויפל איז שוין דאָ,
אַז כ׳האָב אין מײַן וואָגל־פאַרפרעמדקייט
נישט געזען עם
און נישט געקושט עם מיט אַ טרער?
מאַמוניע, ווען דו וואָלסט וויסן,
ווי די אָ פאַרשעמטקייט
ברענט מײַנע געהירן
זינט נישטאָ ביסטו מער.

# באַך און וויוואַלדי

די צוויי אָרום
מײַן זינגענדיק געביין —
ס׳זאָל די גאָרע צביעות
מיך נישט קענען אָרן,
האָב איך מיט מײַנע הענט
געמאַכט אַליין —
אַ וואַנט קעגן אַלע
אַנשי־שקר־האָרן.

בלויז דער קאַנאַריק
איז מײַן לעצטער פרײַנד
און מיך קימערט נישט
וואָס וועט זאָגן דער און יענער.
ווײַל צו מאָל, ווען מײַן האַרץ
איז טיף פאַרפּײַנט —
הער איך באַכן, וויוואַלדין
אין זײַנע טענער.

# בעטהאָווען

## 1

דאָ, אין דער זינגענדיקער שטילקייט
אונטער צווײַגן פון שפּעטזומער —
כ׳הער דיך, קלאַנג-גאון,
אין מײַן פאַרעלנטער וועלט פון פּײַן;
אין גרינעם שאָטן שטייען שאַרף דײַנע אויגן
און זייער שטומער
צער גליט פּונקט ווי זשאַר
אין מײַן לײַב און לעבן זיך אַרײַן.

מיטן אַדאַזשיאָ-געמיט פון דײַנע
סאָנאַטן, פּאַסטאָראַלן —
מ׳האָט מיך אָנגעקאָרמעט
פאַר מײַן קענען רעדן און גיין.
די פּאַטעטיק אין דײַנע בלוטן,
ווי אין קאָכעדיקע קוואַלן —
זידט אַצינד אין מײַנע
און ווערט נישט אויסגעזאָטן, ניין!

2

דער פּרעסטאַ־ריטם פֿון דײַנע מעת־לעתן
מיט האַרבע בעמאָלן,
די בייזקייט פֿונעם זים־מעלאָדישן
פּערז־הוראַגאַן
אין דײַן „פּינפּטער", „נײַנטער" ווירבלען
אין מײַן געביין און האַסטיק ראָלן
מײַן אומעט צום אין־סוף,
וווּ קיין פּריידצוים איז נישט פֿאַראַן.

אויף דער אַ ערד —
צוגעדעקט מיט אַזוי פֿיל שפּיצעכיקן דאָרן
און מיט אַזוי ווייניק קווייטן —
אונדזער תּהומיקע וואָר,
איז בעסער, אָ, טאָן און טאַקט־מכשף,
וואָס ביסט פֿרי טויב געוואָרן —
נישט צו הערן, ווי מענטשלעך־קלאַגיק
קלינגט נאָך דײַן מינאָר.

## באַנדאַזשן

### 1. בלוט

ווי אַ גישט־דערקוילעטער בוהײַ
איז ער געלעגן און געדעוועט
אויפֿן באַוויזלטן ווײַס־בלענדיקן
סאַנאַטאָריע־בעט —
פֿאַרשטאָכן אין שטײַפֿער נעץ פֿון זאַנדעס,
ווען דאָס קראַנקנמיידל עווע
אײַלט זיך צו שטעלן אַ נאָדל
דעם צעחלפֿטן פּאַעט.

בלוט: לײַלעך — בלוט. וואַטע — בלוט.
מערלע — בלוט. אויך די בלאָע זײַנע אָפּלען,
האַלב־אויפֿגעריסענע, קאַלטע —
טיקן זיך רויטלעך אין בלוט.
אין פֿאַרשטאַרטן לײַב זײַנס ווי שטיין,
אין צעמאָלענעם געביין זיך צאַפּלען
זײַנע אומגעהײַערע יסורים
אין ברעניקן גלוט.

## 2. פאַרזאָטענע ליפּן

ערשטע נאַכט קאָשמאַרנע, דעלירקע
אין גלי־בראַנדיקע ווייען,
פון די זאַנדע־שטריק זיך רײַסט
דער נישט־דערקווילעטער בוהײַ;
אין חלל פון האַלב־טונקלע קאָרידאָרן
גרווילן זײַנען געשרייען
און ווידער אַ גרויסע נאָדל —
די זעקסטע מסתם אין ריי.

און ער ליגט און רעוועט מיטן פאַרפּריעט מויל
און פאַרזאָטענע ליפּן, —
מיט וואָס נאָך זאָל מען אים לינדערן
דעם אַ ביסטורישן וויי?
ער שלײַדערט זיך, דער אָרעמער פּאָעט,
אַז עס טרעשטשען אים די ריפּן;
דאָס קילע באַגינען־בלאָ אין שויב
פאַרבלייכט פון זײַן געשריי.

## 3. שאָטנס

פאַר וואָס אַזוי פיל שאָטנס אויף די ווענט,
אויפן פאָל און אויף די טירן?
כ׳שווים אין בלוט, אין שאָטנס —
פאַרקראַמפּט אויפן סאַנאַטאָריע-בעט, —
טרײַב זיי תּיכּף אַרויס, די שאָטנס,
זיי צינדן אָן מיר די געהירן,
מיטן אַש פון מײַן פאַרברענטן אָטעם,
עווע, דיך איך בעט!

ניין, זאָג מיר נישט, ס׳איז וויזיע, האַלוצינאַציע,
זאָג מיר נישט דעליר איז, —
זע, די שאָטנס שטייען ווי קברנים
מיט רידל און שטריק;
אָ, עווע, אויב איצטער אָ שוין טאַקע
יאָ באַשערט צו שטאַרבן מיר איז,
טאָ זאָלן זיי, די שאָטנס,
זיך פריער אָפּטון פון מײַן בליק.

## 4. באַגין

אין מאַטעווער שויב שטייט דאָס יונגע,
קילע בלאָ פון ערשטן באַגינען
און וויל נישט שיידן זיך
פונעם פאַרמעט־פּנים דעם פּאָעטס.
אין דער געדיכטער שטילקייט,
וואָס שמעקט מיט כלאָראָפאָרם און יאָדינע,
שטאַרבן, לעבן־אויף זיינע אויגן
אין שטייפער זאַנדע־נעץ.

ווי אַ שמעטערל זומזומט אַרום אַ דרימל
איבער זיינע וויִעס,
נאָר אויפגעשניטענע וויי־וואַכיקייט
טרייבט עם גלייך אַוועק.
דער העט־אַרויפצו טיפער בויכשניט —
אַ רויט שטרעמעלע — בראָט און ברי איז,
ווען צו פאַמעלעכיקער בלוט־טראַנספוזיע
נעמט נישט קיין עק.

## 5. פֿײַערדיקע רינגען

בײַ נאַכט דורך פֿײַערדיקע רינגען
איך קײַקל מיך אין הויכן פֿיבער,
קוועקזילבעריקער צייכן פֿון טערמאָמעטער
נאַרט נישט אָפּ:
40, 41 — איך פֿלאַקער!
עווע, איך טראָג נישט איבער!
אין איינעם מיטן טערמאָמעטער
וועט פּלאַצן אויך מײַן קאָפּ.

און די גלוטיקע רינגען קײַקלען מיך
אַלץ אַריבער און אַרונטער,
אין מײַן אויג — אַ נעפּלדיקע קאַרוזעל —
די גאַנצע וועלט.
דאָס אַלטע לײַב מײַנס, מידע הענט און פֿיס,
פֿיל איך, שטיקער פֿײַער — צונטער,
כאַטש אין מײַנע אָדערן גליווערט גאָר
אַ פֿריריקע קעלט.

## 6. שפּערלעך

ווידער טוט זיך אָן בלאָלעך די שויב,
די ווענט גייען־אויף אין העלע פלעקן
און שפּערלעך פון שכנותדיקע ביימער
פּישטשען זיך אַרײַן
מיט דינעם ציף־ציפּיקן טריל
און מיך צעוועקן
מיט פרימאָרגנדיקן צוזאָג פון נאָך היפּשע
גלעזער פרייד מיט ווײַן.

הײַנט, פיל איך, וועלן מיר דאָ לינדער זײַן
אַלע איבלען, אַלע ווייען
אין דעם אַ פייגלנעם אָרקעסטער
וואָס כ׳הער צום ערשטן מאָל, —
העי, איר זינגערלעך באַגיניקע,
וואָס איר קומט אַ פּאָעט דערפרייען,
מײַן ברכה אײַך, כאָטש איך זאָג עס
מיט אַ פאַרברענטן קול.

## 7. שכנותדיקע אויען

עס לאָזן נישט צו רו, ביַי טאָג, ביַי נאַכט,
שאַרפֿע שכנותדיקע אויען, —
אַ ברודער צום ווײ, איז ווער נאָך
ווי איך אים אַזוי פֿאַרשטייט?
און כאָטש איך קען אים נישט,
אָבער דורך די לאַנגע לײַדנדיקע שעהען
מיר האָבן זיך פֿאַרחברט שוין,
מיר האָבן זיך דאָ פֿאַרצווייט.

און אַלע מאָל ווען נאָכן אוי־געשריי,
אויסגעמישט מיט זײַנע בלוטן,
וואָס אָן ווידערקול פֿאַלט אַרײַן עס
ווי אין אַ טיפֿן טאָל, —
פֿיל איך, ווי ס׳וואָלט איבער מיר
אַ קלאַפּ־געטון מיט אָנגעגליטע קנוטן
און אין מײַן גאָרגל, ווי אין אַ שלייף —
עס ווערט מיר ענג און שמאָל.

## 8. פיר ביַי נאַכט

ס'איז פיר ביַי נאַכט און פון אַ דריטער
טרוים־זעונג איך צעוועק מיך שרעקיק, —
מיַין גאָט, ווייסט דאָך גוט,
איך חלום נאָר בהקיץ, אויף דער וואָר!
דאָך זע איך: דאָס קיַילעכדיקע גרינע טישל
איז אַצינד זעקס עקיק
און פון דער פאָטערשטול
געוואָרן איז אַ פוסבענקל גאָר.

אָט הייב איך אויף מיך, בעסער אַ קוק־טון
אויף די פאַרענדערטע זאַכן,
אָבער דאָס געשעט נישט איצט אַזוי איינס־צוויי,
ווי מיר זיך דאַכט, —
איַי, און ס'וועט שוין עווע אָן הפסקה
אַרום מיר פלאַטערן און וואַכן
נאָך די אַ אויסטערלישע זעונגען
זייגער פיר ביַי נאַכט.

## 9. אויף די פּיס

נאָך דרייַצן מעת-לעת איך שטיי שוין אויף די פּיס,
ווי פון שטרוי — און זיך וואַקל.
אַ גרויסע גליִענדיקע זון
באַגילדט די ראָם פון מייַן שויב, —
דאַנק איך אָן וואָרט פאַר דעם אַ
אָפּגעבלוטיקטן ביסטורי-סך-הכּל
און בענטש שטיל דעם טאָג,
וואָס קוקט אַרייַן איצט ווי אַ בלאָע טויב.

כ׳טראַכט: כ׳האָב מער קיין שייַכות נישט
צום הויכן באַיויזלטן בעט. אויף דער סאָפע,
האַלבן טאָג, איך ליג פאַרדמיונט
צווישן ליכט און רו אַליין,
און עס וועבט זיך שוין אַפילו
אַ פּערז נאָך פּערז אין אַ פולער סטראָפע
וועגן וויי-געוויטער, וואָס איז ערשט
אַריבער מייַן געביין.

## 10. אַדיע, עווע!

אַדיע, עווע, אַדיע סאַנאַטאָריע־ווענט
מיט פייגעלעך און ביימער,
אַדיע קרעכץ און שלוכץ צעשריגענע
און מיט פאַרהאַקטע ציין, —
איך פיל: נאָך שווערע שעהען
געטריי באַגלייטן וועט דער שאַרפער ווייטיק מיר,
כאָטש איך שפּאַן אַצינד די שוועל אַריבער
שוין אַהיים צו גיין.

עווע, דער פּאָעט וואָס האָט דאָ געבלוטיקט,
געפיבערט און געליטן,
ער לאָזט איבער פון זיינע פיינטלעך
אַ סליד אַ גראָדן, טריב.
און אויב דער טויט, וואָס האָט אים אָפּט באַגעגנט,
האָט האָך אים אויסגעמיטן, —
איז עס געווען דערפאַר,
וואָס ער האָט דאָס לעבן צו פיל ליב.

# נייע זונען

ס׳וועלן קומען שעהען —
אַנגעגאָסענע מיט ווייַן און האָניק,
זיי וועלן בעטן זיך —
נו, נעמט אונדז און געניסט!
אונדזער האַרץ — אַ העלע וועלט
אַן אויפגעקלונגענע פּולטאַניק
און ליכט פון נייַע זונען
שטראַליק אונדז באַגריסט.

דאָס וועט זייַן דער לעצטער
גרויסער שכר פאַרן פאַרגרויטן טרויער,
וואָס האָט זאַלבעצווייט אונדז
אַנגעוואָלקנט דאָס געמיט.
ווערסט זען, ער וועט זיך אויפפראַלן
דער טאָג — אַ בלאָער טויער —
און אונדזער הימל, די ערד —
זוניק און צעבליט.

## פרייד און ליכט

כ׳וועל אויפטויכן, וועסט זען —
אויפטויכן און שענער ווי נעכטן,
מיט פרייד אין די אויגן,
מיט ליכט אויף די הענט;
נישט בלויז דו וועסט מיך דאַן דערבליקן
אַ רייפן, אַן עכטן
מיט האַרץ
צו אַלע שיינקייטן געווענדט.

אין סאַד פון מיין דעמער
וועלן פּלוצעם אַלע צווייגן
ווערן זריחה־פידלען,
כוואַליענדיקער קלאַנג.
כ׳וועל אויפטויכן, יאָ, וועסט זען —
אויפטויכן און צעברעכן דאָס שווייגן
מיט מיינע הילכיקע טריט
אין שטאַרקן גאַנג.

# דרימלענדיקע לבנהלעך

יעדע נאַכט, אין אָפּשײַן פֿון קאַרגן ליכט —
כ׳זע די צאַרטע
דרימלענדיקע לבנהלעך
פֿון מײַנע קינדער צווײ, —
אויף זייער שפּעטן טאַטנס שלאָף־קוש
זיך נישט דערוואַרטע
און אַזאַ אַ שטילער צער
גייט־אויף אין מיר פֿאַר זיי.

נאָר וואָר איז — אין שטאָטנדיקן אָפּשײַן
כ׳וואָלט נישט וועלן
מײַן קינד זאָל מיך איצט דערבליקן —
געשפּענסטיק און מיד.
מיט וואָס נאָך קאָן זייער טאַטע
האָס נאַכט־בילד באַהעלן,
ווי מיטן פֿאַרבאָרגן ליכט
אין פּערז פֿון דעם אַ ליד.

# דאָ־רע־מי־פאַ

ער רײַסט זיך אַרײַן
דורך אַלע שפּאַרונעס
און ציטערט מיט ליכט —
דער פּרימאָרגן־שטראַל,
אַז באַלד ער צעטײלט זיך,
ווי אויף פיר סטרונעס,
פיר זוניקע קלאַנגען —
דאָ־רע־מי־פאַ.

קינדישע אייגלעך
און פינגערלעך — סמיקן,
פאַלן אַרויף
אויפן שטראַל־אינסטרומענט.
אַז די שפּיל קוואַלט־אַרײַן
אין זייערע בליקן
און טאַנציק זיך הייבן
אַלע פיר ווענט.

# מ ו ז י ק

פאַ־פּי־טאָ. עכטע מוזיק
איז דער אָ דרייַ זילבן־קלאַנג,
נישטאָ קיין שענערער
אין אַלע מייַנע לידער.
כ׳פּיל אים, כ׳הער אים
פון די רמ״ח אברים מייַנע אין גאַנג
און אויך ווען כ׳פּאַל אַוועק
פון שווערן טאָג אַ מידער.

פּאַ־פּי־טאָ. אַן עכטע גאַמע
דאָס אָ דרייַ־קלאַנגיק וואָרט,
נישטאָ קיין שענערס
אין אַלע מייַנע לידער.
ס׳זינגט אַרום ליכטיק־יונג
פון מייַן לעבן — באַגרויט, באַיאָרט
און זוניקט־אָן
מיט שטאַרקע סאָקן מייַנע גלידער.

# אָרכידיי און רויז

זע, אַן אָרכידיי און אַ רויז
וואַקסן אין דײַן הויז,
זיי קענען קוים זייערע גערטנער —
דער מאַמען, דעם טאַטן.
אומעטיק איז די אָרכידיי
און מונטער — די רויז,
נאָר פֿײַן זענען ביידנס
אויפֿגעבליטע אַראָמאַטן.

אַזוי ווייניק ליכט
און צו פֿיל שאָטן פֿאַלט אַצינד
אויף זיי, אויף די קעפּלעך
פֿון די אַ צאַרטע קווייטן.
נעם צעפּראַל די פֿענצטער צו דער זון,
דער זין פֿון זינד
פֿון שלעכטע גערטנער
זאָל טראָט בײַ טראָט אונדז נישט באַגלייטן.

## פֿײַערדיקער חלף

אַ וואָלקן אין פֿענצטער
מיט בליץ און מיט פֿײַער,
ווי ער יאָגט עס מיט אימה
און פֿאַרחושכט עק ביז עק.
איך דריק צום האַרץ
דאָס סאַמע לעצטע מײַנס — טײַער
און איינציק — צוויי עופֿעלעך
אויפֿגעציטערטע אין שרעק.

אַ פֿײַערדיקער חלף
שנײַדט-אויף די שויבן
און אַ דונער מוראדיק אין קראַך
טרייסלט-אויף די ווענט:
מײַן גאָט, פּרוּוו מיך בלויז,
נאָר שטראָף נישט מײַנע טויבן,
וואָס צאַפּלען זיך
און זייערע טרערן ברענען מײַנע הענט.

# אָ אַ ז י ס

1

דאָ איז דער קיל־מחיהדיקער קוואַל,
דער צעגרינטער לאַן —
מײַן אָאַזיס פֿון פֿרייד,
וואָס כ'זינג־אוים ביז שיגעון
נאָך מײַן וואַגאַבונדישן,
וואַנדער־וואָגלדיקן שפּאַן
איבער אַזוי פֿיל
אָן־שאָטן סטעפּיקע שעהען.

דאָ, אין דער אָ היימפֿרייד
פֿון קעפּלעך בלאָנד און אויגן בלאָ,
וואָלט איך אַפֿילו וועלן
לאַנג און ביטער שטאַרבן.
וואָרעם נעכטן, אין סטעפּגאַנג,
אָן אַ טויב און אָן אַ קראָ —
איז קיינער נישט געווען,
וואָס זאָל דאָס ליד מײַנס אַרבן.

2

אין אָאזים — דאָס שטילע
בלויק ווינקל פון מײַן הויז,
מײַן היים און מײַן וועלט —
שמאָלע, נאָר פיר אײלן וואָס העלן, —
איז דאָ אַזאַ דורכגעלײַטערט
ליכטיק גליק, דראַנג און ברויז
פון יונגשאַפט
אין שפּרײַז אַרויף צו זינגענדיקע שוועלן.

אין דעם ווײַסן צווײַט, אין גרינס,
כ׳צעוויקל מײַן באַגין —
גלייביק ווי מײַן טאַטע,
מײַנע פֿאָטדיקע זיידעס,
ווײַל כ׳ווייס: אַרײַנגעבליט אין דער ערד,
ווי אַ בוים איך בין
און די סאָלאָווייען אין מײַן בלוט
זענען מײַנע עדות.

# אַש פון די אָבות

מיין קינד צאַפּלט — נעם מיך,
טראָג מיך אויף די הענט, —
און איר בלאָנד שויבערל
צינדט זיך אַזש אין פלאַמען.
איך זע נאָך אַ מאָל דאָס אַש,
וואו אויסגעברענט
בציבור האָבן אַלע מיינע
אָבות-שטאַמען.

מיט וויפל שטויב
האָט די ערד זיך צוגעדעקט
און וויפל טעג
האָבן אָפּגעפּינצטערט סאָוועס? —
קום, קינד מיינס, אויף די הענט,
אַז האָסט שוין אויפגעוועקט
אי דאָס פייער, אי דאָס אַש
פון מיינע אָבות.

## ליבשאַפט און רחמנות

„מיר זאָל זײַן פאַר אײַך״,
זאָגט די מאַמע טיף און שטיל
און קושט אירע עופעלעך
מיט פרייד און טרערן,
אין האַלב-טונקלען חדר
אומאויפהער זעגט אַ גריל.
אויף שויב
שפּילן אין באַהעלטעניש די שטערן.

„מיר זאָל זײַן פאַר אײַך — — — —״
און זי טוט נישט אָפּ איר בליק
פון פּנימלעך —
צוויי דרימלענדיקע לבנות.
אַ פּאַסיקל ליכט וויגט זיך,
ווי פאַרבאָרגן גליק
אויף דער מאַמעס געזיכט —
ליבשאַפט און רחמנות.

# ביטערנישן

וועסט זען —
פון די אַ ביטערנישן אַלע
וועט פּלוצעם אויפגיין
אַ שטאַרקע כוסה פריידּ,
ווי אַ טיף אַנטפּלעקט ליכט —
אַ פּאַסטאָראַלע
פאַרן שאָטן
פון דײַן וואָכעדיקן קלייד.

האָניק
וועלן באַטעמען דײַנע ליפּן
נאָך די אַ אַנגסטן ברײַקע
פּונקט ווי זשאַר.
און דנאָ די כוסה פרייד
דו וועסט זי זיפּן, —
אָ, טײַערע מײַנע,
גלייב ווי איך אין שכר.

# פעניקס

די אַ זיסע רו
מאַכט מיך שמאַלציק, פּעט, די רו —
די אויסגעצאַפּלטע
אין אומרו־שטורעם.
נאָר דו גופא וועסט קענען מיך פאַרשטיין,
בלויז דו —
וואָס האָסט ווי איך
געהאַט פאַרבלי־יסורים.

פון חעסט וועגן —
אַט פונקט ווי דער פעניקס — הער,
כ׳וועל מיך אויפהייבן,
צעצווויטען, באַנייען, —
וואָרעם וואָס, כ׳לעבן,
דאַרף איך דען נאָך איצטער מער,
ווי אַ ליד —
וואָס כ׳דאַרף נישט ביי קיינעם לייען.

# אין שויב פון דער נאַכט

עמעץ קוקט אַרײַן אין שויב
פון פערטן גאָרן
און די שלאַקסן קלאַפּן,
ווי מיט מאַשינגעווערן.
עמעץ קוקט אַרײַן אין שויב —
איך קען עס שווערן
און כ׳פיל —
כ׳בין צוגענאָגלט צו דער וואַנט געוואָרן.

ס׳קלאָגט די נאַכט — אַ קינד,
וואָס מ׳האָט אין גאַס פאַרגעסן,
ווען שאָטנס האָבן מורא
פאַר אַזעלכע טרערן.
יאָ, עמעץ רופט מיך דורך דער שויב —
קען איך שווערן,
און כ׳פיל — ס׳גאַנצע בלוט מײַנס
רינט־אויס פון די געפעסן.

# פרימאָרגן־קוש

זים איז דער פרימאָרגן־קוש
פון מײַנע ברעקעלעך,
ווען זיי עפענען די בלאָע הימעלעך
צו מײַנע אויגן בלאָע.
שמייכלען — מילך און האָניק —
טריפן פון מײַנע צוויי טעקעלעך
מיט גערײַזטע קאַרשנדיקע ליפן —
זאַפט פון לעבן און הנאה.

נעם, וועג אים איבער מיט גינגאָלד,
מיט בעסטע איידלשטיינער,
דעם אָ אין גרויס ליכט,
אין זון אויפגעגאַנגענעם קינדער־קוש צאַרטן.
די מוסקלען ווערן שטײַף
מיט נײַע מאַרכן אין די ביינער,
יונג — צו דערגיין אים דעם אָ
לאַנגן גיהנום־וועג, דאָרנדיק־האַרטן.

# קרויץ פון שטראַלן

נעם, טו אים אָן, דײַן ווײסטן קאָפּ
מיט אַ קרוין פון שטראַלן,
צעפּלאַקער אין דײַן האַרץ אַ זון —
אַ שײַנטער פרייד;
דײַנע שעהען — פּראַכטיק,
דימענטלעך פון וואַסערפאַלן,
לעשן זיך, פון הינטן —
אַ וואָלקן דיך באַקליידט.

זעץ דיך נישט מיט שבעה־אויגן —
אויסגעוויינקט אין טרויער,
אויף דײַן אייגן גורל —
אין זון אַ פויגל־פלי.
פּראַל אים אויף דײַן צו דער וועלט
אליין פאַרהאַקטן טויער
און לערן וואָס פון פאַלשן קרעכץ
פון דײַנע קני.

## קינדער־געוויין

אין מײַן הויז —
קינדער־געוויין אויף יעדן גאָרן.
טרערן — די שפּראַך פון שוואַכן —
ווייקן־אוים די ווענט.
בײַ טאָג דורך די פענצטער,
בײַ נאַכט — דורך די שטאָרן —
רײַסט זיך דאָס געוויין אַרײַן
דורך געשטיין און פרענט.

גיי פרעג זיי וואָס זיי דאַרפן,
וואָס זיי ווילן —
די אָ פאַרצאָגטע קלאָגערלעך
און וואָס זיי קוועלט.
איך וויים, נאָר מיט ליבשאַפט
קאָן מען טרערן שטילן
און אַז קינדער וויינען —
וויינט די גאַנצע וועלט.

# האָב ליב

האָב ליב און לעב כל־זמן זעסט
פאַרנאַכטן און פאַרטאָגן.
האָב ליב און לייַד, אויך אַזוינס,
פרייַנד מייַנער, איז כדאי,
האָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן דיר אַצינד
און אייביק זאָגן
וועגן דייַן און מייַן אויף אונדזער ערד
לעבנס־תנאַי.

יאָ, האָב ליב און שטאַרב,
מיט ליבשאַפט אויף די טויטע אויגן,
מיט צעקושטע ליפּן —
וואָס עמעץ קושט פאַרטרערט.
אָן ליבשאַפט ביסט פונקט,
ווי יענער פויגל: דורכגעפלויגן
דעם רוים און נישט געלאָזט
קיין סימן אויף דער ערד.

## ליבשאַפט און האַס

ליבשאַפט —
דו זאָלסט היטן דאָס געבאָט
אויף די לוחות פון דײַן האַרץ
אויסגעגליטן,
ווי דו פאַרהיטסט
פאַרן תהום דײַן טראָט
און ווי פון אַ שטאָך
דײַן אויג טוסטו היטן.

געדענק,
ס׳איז דאָ נאָך אַ געבאָט —
האַס,
איז ער עלול דעם ערשטן אויפצופרעסן.
טאָ היט די ליבשאַפט,
ווי אַ בר־דעת —
נישט ברײַען זאָל די טרער
דײַנע מעת־לעתן.

## פ ר ײַ נ ד ש אַ פ ט

זײ גײען־אויף, די פֿרײַנד,
װי פֿרישע קנאָספּן אויף צעטריקנטע צװײַגן
און פּיקן־אויס זיך אַראָמאַטיש
אין פּראַכט פֿון גרינעם ציר.
כ׳שטײ און גאַף פֿון דער אָ זשעדנער פֿרײד
און כליפּע זי אַרײַן אין שװײַגן
פֿון מײַן אויפֿגעצאַפּלטער דאַנקשאַפֿט,
װאָס תּפֿילהט שטיל אין מיר.

אין פֿאַרקלאָלהטן עלנט
פֿון מײַנע דאָרנדיקע דלד־אָמות,
פֿון װאַנען כ׳האָב אויסגעבעבענקט
ס׳ליכט פֿון מײַן גרויסער װעלט װאָס צאַנקט, —
אַזאַ פֿרײַנדשאַפֿט גיסט־אָן מיט זון
מײַנע פֿאַרװאָלקנטע פּערזן־גאַמעם
און דערפֿאַר מײַן גראָבע ליפּ —
שטום און שעמעװדיק — דאַנקט, דאַנקט, דאַנקט.

# אַ בערגל שמאַטעס

הײַזער, װעגענער
אײַלן אין די װאַנזיניקע אויגן
פֿון דער פֿרוי —
צוגעטוליעט צום פֿײַכטן מויער־שטיין, —
זעט נאָר, זעט,
זיי פֿליִען װי די פֿלאַקערנדיקע סטויגן — — — —
און אירע אויגן גאַפֿן,
זיך צינדן מיט געװיין.

דאָס איז בײַ נאַכט. בײַ טאָג —
אַן אָפּגעסמאַליעט בערגל שמאַטעס
ליגט זי, די מטורפֿדיקע פֿרוי,
אײַנגעדרייט אין קויט.
זי שװײַגט און חלומט.
און אויפֿן סקװערל די טויבן־טשאַטעס
פּראַװען אַ סעודה
פֿון אירע גרינע שטיקלעך ברויט.

# אויף קוליעס

די שווערע הילצערנע קוליעס
ביי זיינע האַלבע פּיס,
זיי טוליען זיך
ס'זאָל זיי קיין בייז נישט געשען — ווי ברידער.
נאָר ער אַליין — דער אַנפּיסיקער —
וועט שוין דאָ געוויס
פאַרבלייבן מיטן קאָפּ
אויפן קאַלטן שטיין אַ מידער.

כמאַרנע און ווילגאָטנע
איז היינט די נאַכט — ווי אַלע נעכט
פון מיין שטאָט — דעם זוניק-טריבן גרוב
פון ווינט און רעגן.
דער אינוואַליד חלומט.
ער זעט — זיינע הילצערנע קנעכט
טאַנצן-אויס פאַר אים
זיינע נישט-אויסגעהינקטע וועגן.

## אַ סקווערל

אַ סקווערל, אַ פֿאַנטאַנדל.
פֿייגעלעך קומען טרינקען.
סומנע פֿייגעלעך —
וואָס כ׳האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען;
אפֿשר איבער די זקנים־קעפּ,
וואָס אויפֿן ברוסט זינקען
אין דער לאַנדשאַפֿט אין געל,
ווי אַ געמעל פֿון גאָגען.

אַ פּאַטאַ־קעסטל.
און דער ווינט וויל עס איבערדרייען.
דער בעל־הקעסטל איז נישטאָ.
עס קרעכצט דער געשטעל.
פֿינף זקנים־נעז זידן קינטעטיש.
און וואָלקנס גייען
אויפֿן פֿאַרוועלקטן סקווערל —
ווי גאָגענס אַ געמעל.

# שמייכלענדיקער טויט

ער האָט גערוט פּונקט ווי אין שלאָף.
שמייכל און גענאָד
אויף זײַן פּנים. אַ האַנט פֿאַרלייגט
אונטערן נאַקן.
דער טויט — וואָס איז ראַש אַפּיר
פֿון אונטער אַ ראָד,
האָט געלאָזט ס׳צעגאָסן בלוט
אויף דער זון זיך באַקן.

קיינער איז נישט געקומען
באַטרערן דעם סוף
פֿון צוואָנציק פֿרילינגס
אויף האַרטן שאָסיי צעטראָטן.
ר׳איז געליגן און געשמייכלט
פּונקט ווי פֿון שלאָף,
און אַ בוים לעם אים
האָט געמורמלט וואָס אין שאָטן.

## הינקענדיקע פֿרייד

אין אַ באַבוימטן סקווער
ב׳האָב געזען — אַ פּאָר נאַכט —
הינקענדיקע פֿרייד
אויף אַ דין-הילצערן פֿיסל
פֿון אַ מיידעלע —
אַ יאָר זיבן, אפֿשר אַכט —
און ווי קרום — די אָ פֿרייד
האָט געהאָפּסלט אַ ביסל.

די שטערן האָבן געגרינט.
געזשומעט מיט געריידן
האָט דער סקווער. די לבנה
האָט זיך נישט פֿאַרלאָשן.
אָבער די אָ הילצערנע
הינקענדיקע פֿרייד
האָט אָפּגענומען
אויף אַ גאַנצער נאַכט מיַין לשון.

## דין און פאַרקוילט

אַ פרוי פון בלוט און פלייש.
ניין, אַ סטאַטוע פון אַ פרוי
אין אַ נישע פון אַ וואַנט
פון מײַן מעטראָפּאָליע.
זי איז דין און פאַרקוילט,
ווי אַן איבערגעברענטער שטרוי
און איר אַש —
דער אַנטיקער ווינט צעבלאָזט פּאַוואָליע.

אירע אויגן — געשליפענע פונקען —
פאַרבלײַבן נאָר,
אָבער זיי פליִען אַרויף
צו די הויכע שטערן,
מ'זאָל נישט וויסן ווו זי איז אַוועק —
די טראַגישע וואָר
פון אַ פרוי, וואָס מ'וויל זי נישט דערזען,
נישט דערהערן.

# אַ קאָפּ שנײ

אויף אַ װעראַנדע פֿון אַ שפּיטאָל —
אַ קאָפּ שנײ
און צװײ אויגן,
װאָס שנײַדן זיך אײַן װי דימענטן צװײ
מיט דערשטיקטן צער,
געהאַמעװעטן שטילן װײ
און מיט אַזאַ
פֿון אונטער די באַנדאַזשן לײד־געשרײ.

ס'איז דעמער־שעה
פֿון אַ זון־אויסגעגאָסטן טאָג.
שאָטנדיקע בײמער־רײ
פֿײַזעט־אום פֿון ראָג צו ראָג.
כ'קוק אויפֿן באַשנײטן קאָפּ
און צו מיר איך זאָג:
לערן פֿון אַ לעבן —
װאָס װיגט זיך מיט טויט אויף דער װאָג.

# סקעלעטן־טראַט

זײַן סקעלעטן־טראַט
קלאַפּט־אױס אױפֿן טראָטואַר
טאָג אױף טאָג דעם צער
פֿון אַ שטאַרבנדיקן זקן.
ער איז שױן לאַנג נישט
פֿון זײַן אַלטן גוף דער האַר
און ס׳װיל דער סוף
אױף אַלע ראָגן אים פֿאַרלאָקן.

די זון אַנטלױפֿט פֿון אים.
שאָטנס לײגן זיך אױס
פֿאַרבײַ זײַן סקעלעטן־גאַנג
אױף נאַכטיקע שטײנער — — —
דו, װאָס ביסט בײַ זיך אַלץ
אַזױ עזותדיק גרױס,
הער זיך אײַן צום טױט־געקלאַנג
פֿון דעם זעקל בײנער.

# טריבע לאַנדשאַפט

אונטער די אַרומגעהאַקטע צווײַגן
פון אַ בוים,
פאַרחושכט אין זײַן שווײַגן —
אַן פּים — אַ זקן.
אַן אַלטע פּאַפּוגע
אויף זײַן שמאָלן אַקסל־זוים
האָפּסלט אום נערוועז,
צעפליגלט און צעשראָקן.

אַ וואָלקן יאָגט זיך
צו פאַרדעקן דאָס טריבע בילד
פון אָנפּיסיקן
און זײַן פאַרוויסטער דאַליע.
דער בוים וויל אַוועק,
די פּאַפּוגע — אורוואַלדיק־ווילד,
קווייטשעט און צעפּיקט
דעם זקנס אַקסלען שמאָלע.

## בעט און מיטה

מ׳פירט זיי אַרוים
אויפֿן זוניקן שפּיטאָל־באַלקאָן,
ווי פּרוכנע שטיקער מעבל —
אַט ווערן זיי צעשאָטן:
יענער — אַ זאַק ביינער,
מיט אַ פּנים ווי אַ שפּאָן,
דער — אַ הויפֿן פֿלייש
אין ווייען טויזנטער פֿאַרקנאָטן.

און די יולי־זון פּויזעט —
אַ גרויסע געלע שפּין,
אין וואָלקן־צויטן — פֿייגל,
צעשראָקענע, צעפּליטע.
און דער וואָס פֿילט, דערזעט:
זיי וויגן זיך העד און הין,
די שפּיטאָל־שאָטנס —
צווישן ווייסן בעט און שוואַרצער מיטה.

# סטרוניקער פײַן

די פינגער זענען טויט,
נאָר די פידל איז געבליבן
און בײַ נאַכט גייט אויף איר אויף
די נר־תמיד־שײַן
פון אַלטן שפּילער,
וואָס האָט מיט טענער אויפגעשריבן
די סאָנאַטע פון זײַן וועלט
אין סטרוניקן פײַן.

אָפט מאָל בײַ טאָג,
ווען די הייסע זון גליט אָן דעם פידל,
פאַלט־צו ווי אין אַבלות
דער סמיק צו דער גריף:
פון די סטרונעס סאָל און רע
מ׳הערט ס׳גראָבן פון א רידל
און די לאַ און מי כליפּען, כליפּען
שאַרף און טיף.

## אין טונקלען קלייד

אירע אויגן, ווי צוויי טײַכעלעך —
אָפּגעשטעלט אין גאַנג,
זענען פאַרלויעט מיט מאָכן
און קאַלעמוטנע.
איר טאָג — אַ טשערעפּאַכע,
שלעפּט זיך מיד און לאַנג, —
איינזאַמען די נעכט —
אָן רייד, אָן חלומות — סמוטנע.

זי דרימלט לעם איר הײַזקע —
אין טונקלען קלייד — אַ מת
און אַרום איר דעכעט דער עלנט,
ווי אַ שאָטן.
אירע צוויי הענט — האָלאָוועשקעס,
שטוינען פונעם נס,
פאַר וואָס מ׳האָט זיי ביז אַצינד
מיט ערד נישט פאַרשאָטן.

## שקיעה־טרעפ

צווישן גרינע בלעטער — אַלטע,
ווײַסע אויסגעקראָכענע קעפּ,
בײַ זייערע פּיס — קינדער,
פֿאַרטײַעטע אין שקיעה־פֿאַרבן.
די זקנים האָבן שוין באַשטיגן
אַלע שאַטנדיקע טרעפּ,
נאָר זיי ווילן נאָך נישט,
ווי אַצינד די רויטע זון — שטאַרבן.

אין דער וואַרעמער גרינער טונקלעניש,
מיט פֿעדעם גאָלד געוועבט,
קינדערשע גלעקלעך פֿריידיקייט —
צעוויגטע און צעשאַלטע.
פֿון ערגעץ האָבן די אָוונט־פֿליגל
אויף זקנים אָנגעשוועבט
און אויף אומעטיקער שרעק
הוידען זיך די קעפּ די אַלטע.

# אַ הויז

דאָס הויז איז פול מיט שאָטנס.
אַ הויז — אַ מפּולת.
פון אויסגעזשעצטע שויבן
גליט אַרוים די שרעק.
דער ווינט, וואָס לויפט אַרום דאָ,
מאַכט קוויטשיקע קולות
און ווער עס גייט פאַרביי —
זיך איילט אַוועק, אַוועק.

די טירן — עובר־בטל,
וויגן זיך און קריצן.
פון די צעבויגענע ווענט
פאַלט אַ שטיק נאָך שטיק.
און אַז ס׳טרעפט אַ נאַכט זיך
מיט חלפדיקע בליצן,
גרוילט דאָס הויז יעדן שכן
מיט פּחד אין בליק.

## אַ פּנים אין פֿענצטער

אַ פּנים אין פֿענצטער.
אַ פּנים פֿון אַ פֿרוי.
כ׳זע עס יעדן טאָג,
יעדן טאָג טוען מיך אַ שוידער
די אויגן פֿון אַ הרוג.
ליפּן מילציק־בלוי,
דער קאָפּ טיפֿער שניי,
דאָס באָמבלענדיקע וואַקס — דער גוידער.

און תמיד נאָך —
עפּעס אַ וואָלקן קעגן שויב,
ווי אַ סומנע פּויסט
צום טאָגליכט געשפּאַנט, אָנגעדראָלן.
און איך טראַכט:
נעם, קוק דיך אָן אין אייגענעם שטויב,
מיינסט דאָך, אַז גאָר די פֿרייד
בלויז פֿאַר דיר איז אָנגעקוואָלן.

# אַ ל ע ג ר ע ט אָ

ערשט נעכטן דער שוואַרצער אָרון,
די ליכט, די בלומען,
די טונקל־געדעמפּטע ווערטער
נאָך אַ יונגן מאַן,
וואָס זײַן מאַיעסטעט דער טויט
האָט אים צוגענומען,
ווען צו זײַן משפּחה־הויז
האָט אים געפעלט אַ שפּאַן.

הײַנט קלאַפּט ווער אין הויז
אַלעגרעטאָ אויף אַ פּיאַנע
שעה נאָך שעה אַזוי —
נישט דעם טרויער־מאַרש פון שאָפּען.
אײַ, בן־אָדמל, פאַר וואָס צום שר פון טויט
דײַן טענה,
אויב די קלאַוויר פאַרגעסט דעם מאַן —
אָקערשט דאָ געווען.

## לבנה־פּנימער

צווײ לבנה־פּנימער.
אַן ער, אַ זי — אין ליבשאַפֿט שווײַגן.
דאָס קילע זילבער רינט פֿון זײ —
אין ליבשאַפֿט פֿאַרטראַכט —
ווי פֿון אַ סטאַטוע,
צוגעדעקט מיט גרינע צווײַגן
אין גערוישלאָזן וויג
פֿון ליידיקן פּאַרק בײַ נאַכט.

אַ שעפּטש. אַ קוש.
ווי בלאַט צו בלאַט זאָל פּלוצעם צופֿאַלן.
פֿיר אויגן גייען־איבער
מיט פֿרילינגדיקן זאַפֿט.
צווײ לבנה־פּנימער.
קיל־זילבערדיקע שטראַלן — — —
און טיפֿע נאַכט — מיט אַזוי פֿיל שטערן —
שטייט און גאַפֿט.

# אַ פידל ביי נאַכט

די שטומפּיקע טענער
פאַלן אויפן טראָטואַר,
ווי ראַסטיקע שטיקלעך בלעך —
אַ שווונג — טויטע קלאַנגען.
די סטרונעס — אַן פליגל —
פּונקט ווי זייער בלינדער האַר,
קענען העכער פון דער גריף
אין ערגעץ נישט דערלאַנגען.

נאָר עפּעס אַ פרעגישער טרעל
איז דאָ אין בעטלערס קול,
וואָס טוט האַסטיק אַ צעהלף דאָס האַרץ דײַנס
אויף צווייען:
דו פאַרגעסט אין דעם פידל —
זײַן ליריש־דיִנע ראָל,
ווײַל פּילסט —
דײַנע אויגן מיט אייביקער נאַכט פאַרגייען.

# אַ געפאַלן פערד

אַ פערד איז געפאַלן.
און אויפן באַלעגאָלע
איז אַראָפּגעפאַלן
אַ פינצטערע כמאַרע.
ער פאַרברעכט זײַנע הענט
מיט ביטערניש און קללה.
פונעם אויג-פאַרגלייזטן פערד
זעצט די לעצטע פאַרע.

מײַן גאָט, אַזוי פיל ווײי
אין אַ שטומער צונגס מיתה,
זײַ מוחל,
לאָמיך דיר איצט עפּעס זאָגן:
כ'האָב אַנומלט געזען אַ מענטש
אין בלוט פון גסיסה
און נישט געווען איז קיינער
אים צו באַקלאָגן.

# באַקכוס

אַ קוואַרטאַל. אויף אַלע פיר ראָגן
פיר טראַקטירן,
די לופט שניידט מיט ריח
און איז בלוילעך פונעם שפירט.
די פאַרזויפענע קעפ
דורך די פענצטער, אין די טירן —
זענען עדות פון דער ליבע
מיט באַקכוסן געפירט.

ווי מתיק־בלייך
איז יענעמס דרימלענדיקע צורה,
דעם צווייטנס פנים
פון סקלעראָזע — פאָמידאָריש רויט.
שענקען וועט דער גאָט פון וויין
פאַר זייער געלט און גבורה —
אַ שוואַרצן אָרון,
ווייסע בלומען און אַ גרויען טויט.

# אַ גאַסנראַג

סומנע איז דער גאַסנראָג —
אַ קלויסטער, אַ שפּיטאָל,
גלעקער, אַמבולאַנסן, נאָנעס,
תּפילה, ווײ און ווידוי.
די געליע ביימלעך
שמעקן מיט ווײַרעך, מיט קאַרבאָל,
פּראָצעסיעס און לוויהס —
לענגאוים דער אַוועניד׳ע.

צום סומנעם פּייזאַזש —
פּרעך־צעווייגטע פּאַרלעך בײַם וואַנט.
פֿון זייער נאַכט־ליבע
בלויז שאָטנס זענען עדות.
אַ קלויסטער, אַ שפּיטאָל
און אַ ליבע — רוף זי שאַנד.
טאָ אויב דאָס איז דער סוד פֿון לעבן,
טויט דער באַשייד איז.

# פ ר י ל י נ ג

זיי בלעטלן אין דער הויכער זון
פונעם פרילינגדיקן מאַנטיק —
די ווײַסע באַנדאַזשן
פאַרן טויער פון שפּיטאָל.
אַ מיידל אויף אַ טראַגבעטל —
אײַ, ווי איר ווייטיק איז דאָ קאָנטיק
פון די לאַנגע שטרייפן בלוט,
וואָס אײַלן מיט אַ מאָל.

צום דאָקטערס כאַלאַט — מיט רויט־פלעקן,
טוליעט זיך — אַרויף שטיגן —
אַ יונגער בלאָנדער פּרויקאָפ —
ס'איז פרילינג, יאָ, צי ניין?
מײַנע פרײַנד, אַזוי איז דאָס לעבן —
ווייטיק און פאַרגעניגן —
און אויך די קראַנקע
וועט עס אַצינד אַזוי פאַרשטיין.

# טראָפּנס נעפּל

1

אַ צעשויבערטע פרוי
אין פאַרוואָלקנטן אין דער פרי
פאַרקערט פאַרטראַכט אַרום איר הויז
אָפּגעוועלקטע בלעטער.
ס'איז רויטער האַרבסט.
אויף פּוסטע ראָגן קופּקעס קופּערגלי
פרעך אַ ווינט
די אָפּגעדעקטע ליטקעס אירע גלעט ער.

די פרוי פאַרשאַרט
אירע אייגענע האַרבסטן — דעם קאָליר
פון אירע לאָקן,
די ראָזקייט פון איר יונגשאַפט, די שעהען
פון הייסן קוש און צערטל.
טראָפּנס נעפּל רינען אויף איר
קאָפּ — די אָפּגעפאַרבטע צעפּאַטלטע האָר,
וואָס גראָען.

## 2

קעגנאיבער אויפן רונדן באַלקאָנדל —
גרין פון מעך,
עמעץ בינדט־אוים אַ שניפּס —
ווי געפּונענעם אויף מיסטן.
צוויי געפּרווירענע אויגן
אין אַ פּנים פּונקט ווי בלעך —
קילן טיף אַרײַן אין פּרוים
נאָך הויכע פּוכקע בריסטן.

דערשטווינט — זי טוט אַ צאַפּל.
שמייכלט־אויף אין דער קרום,
ווי אַ זונשטראַל שפּיזט פּלוצעם דורך
כמאַרעדיקע צויטן.
די ווײַסע פּײַכטקייט —
ווי אַ שלאָפּהעמד נעפּלט זי אַרום
הינטער קופּקעס בלעטער — שײַטערלעך —
וואָס גליִען אין רויטן.

## פאַלאַ־פאַלאַ

אויך דאָס לענגעכיקע פּנים זײַנס
איז ביייניק, אויסגעשליפן —
אַט־אָט און ס׳פאַלט אַראָפּ אים
זײַן דינער שאַרפער קין.
מיטן פּײַפל — פאַלאַ־פאַלאַ —
מעסט ער גאַסנדיקע טיפן
און לאָזט די טענער פאַלן
אויפן טוי פון באַגין.

גאָר זעלטן, דאָס אַ פּײַפל
זאָל פאַר אַ טיר זיך ווו פאַרהאַלטן,
אַ צעוויג טון זאָל דער שלײַפער
זײַן רונדן שלײַפשטיין.
פאַלאַ־פאַלאַ — סאַראַ מינאָרנע גאַמע —
ס׳האַרץ אויפצושפּאַלטן,
אָבער נישט אַזאַ האַרץ,
וואָס איז האַרטער נאָך פון ביין.

# סענטענאַריאָ־פּאַרק

די ביימער האָבן עפּעס דאָ
קיין כּוח נישט צו וואַקסן,
אַפילו אין די טיפע פרילינגס
פּעלט זיי אויפבלי־קראַפט.
זיי בענקען אַרוים שטורעמס,
אָפּפרישנדיקע שלאַקסן
פון שטויב און סאַזשע,
פון עסעדיקן רויך און נאַפט.

פאַרשיווע קעץ
און היימלאָזע הינט מיט אויגן טריבע
זענען אין סענטענאַריאָ־פּאַרק
טאָג אויף טאָגיקע געסט.
די פּאַרלעך, וואָס ברענען־אָפּ די בענק
מיט זייער ליבע,
שאָקלען־אָפּ פון זיך דעם דמיון
פון אַן אייגענער נעסט.

## אַ גלייביקביימל

אויף די נאַקעטע שורות ביימער,
די הוילע צווײַגן,
דער סוף אַווגוסט-הימל
ליגט נאָך אַ בלײַיִקער גרוי,
נאָר אַ ביימל צווישן זיי —
אין אַנגעכמורעטע שווײַגן,
גלייבט שוין אין נײַעם פרילינג —
אין גרינס און אין בלוי.

נעמט באַוווּנדערט עס,
ווי ס'שטייט מיט יונגע פרישע בלעטער,
אָקערשט פון קנאָספּן אויסגעפּיקט —
אין גרינעם ציר.
טראַכט איך: לערן דיך אַצינד
אויף צו געדענקען שפּעטער —
אַ פּשוט ביימעלע
איז גלייביקער פון דיר.

# ר י אַ ט ש ו ע ל אָ

1

די אָ טינטיקע וואַסערשלאַנג,
פֿאַרטײַעט אונטערן בריק —
האָט שוין אויף אַ סך
טאַטעס, מאַמעס, קינדער און זקנים
פֿאַרצויגן אירע קאַלטע
דערוואַרגנדיקע לויער־שטריק
און שטילע טרערן
האָבן געשנירלט זיך אין איינעם.

ער איז תמיד הונגעריק,
דער ריאַטשועלאָ־דראַקאָן
און זײַן נאַכטיקער שליימשלונג
טוט לעבנס אַלץ פֿאַרצערן.
אָט גליטשט אין אים קראַכיק אַרײַן
אַ טראַמוויי, לײַכט ווי אַ שפּאָן,
און ווײ! קיינער קאָן פֿון אים
שוין נישט אַנטרינען ווערן.

2

טאָ פאַר וואָס זשע פון דער בריק
ביזן הימל וואַקסן נישט הויך
אויס אַ וואַלד אײַזערנע
מאַמע־אָרעמס צו פאַרהאַלטן —
אַזוי פיל יונגע אויגן
זאָלן זיך נישט לעשן אין בויך
פון דעם אַ פחדימדיקן
וואַסער־מאָנסטער קאַלטן?

אָ, לאַ נאָריאַ־בריק
אין דער דרום־ריוועריע פון מײַן שטאָט
איבער אָרעמע ראַנטשעלעך,
ווי נבזהדיקע האָרבן, —
אַלץ טיפער אין מײַן האַרץ
קאָראָבעט דער צאָרן ווי אַ קראָט
און אין מײַן בלוט
וויינט ס׳טויטע בלוט פון דײַן יעדן קרבן.

## אַ פּלאַקאַט

פון אַ פּאַרקאַן אין רעגנגאַס
ווײנט אַראָפּ אַ פּלאַקאַט.
ס'איז קענעדיס פּנים,
וואָס איז דורכגענעצט פון רעגן —
נײַן, ווי מיט שנירלעך
גרויסע באַכן טרערן אַקוראַט
און זײַנע ליפּן ציטערן,
די בליקן עפּעס פרעגן.

דער ווינט האָט אײַנגעריסן
דעם שמייכל פון זײַן געשטאַלט
און די רעגן־טרערן טריפן
פון זײַן טריבער מראה.
פּלוצעם, אַז דער קענעדי־פּלאַקאַט
גליטשט אַראָפּ זיך, פאַלט
און ווי אַ טויב פליט אַוועק ער
העט־העט אין דער כמאַרע.

# טאַנטי

1

אָ, מאָלער, גיכער נעם
דאָס פענדזל דײַנס און מאָל,
מיש אוים זיי גוט
אויף דער פּאַליטרע דײַנע פאַרבן.
זע, אויף יענעם סאַמעט־באַרג,
צי אין יענעם טאָל —
איז גוט אַזוי צו לעבן,
גוט אַזוי צו שטאַרבן.

זע, די ווײַס־געקרויזטע שעפּסן
אויפן הימלבלאָ,
וואָס בלאַנקען־אוּם
פּונקט ווי דײַנע טעג, מעת־לעתן, —
קיין שענערער פּייזאַזש
איז אויף דער ערד נישטאָ,
באַהויך אים מיט דײַן וואַרעם בלוט
פון די געפּעסן.

2

אָ, מאָלער, גיכער נעם
דאָס פענדזל דײַנס און מאָל,
דערטרינק דײַן אויג
אין גרינס אויף היגלדיקע שנירן
און יענער אײנזאַמער קאָנדאָר,
וואָס חלומט זאָל
אויך נישט פעלן
אין דײַן מוזע פון קאָלירן.

אײביק זי אַרײַן
די אָאַזיסדיקע פּראַכט
אין דער פלאַמענדיקער גאַמע
פון די פאַרבן.
הער, דעמער פויזעט־אָן
און אײדער ס׳קומט די נאַכט —
דעם גלי פון דײַן דמיון
זאָל עמעץ אַרבן.

# ווערבעס

זיי זענען ענלעך צו די ווערבעס
פון מײַן געדעכעניש — ווי בידנע אָרעמע לײַט,
כאָטש קיין פײַכטע סטרומיקלעך
ריזלען נישט פון זיי עלעהיי ווי טרערן,
אָבער פון זייער געבויגענער צעשויבערטקייט,
פון די גרין־דינע טשופּרינעס שרײַט
אַרויס אַ טרויער, וואָס נאָר דער אויער
פון פּאָעט קאָן אים דערהערן.

נישטאָ קיין נעסטן אין די סומנע קודלעס
פון ווערבעס — ווי עקרות — צעשוויגן, שטיל
אַרום טרוקן־אויסגעזאָטענע טײַכלעך —
מיט שטיינער און מיט מאָכן.
וואָס קען זיי דערפרייען דאָס שפּאַרבער־געשריי,
צי דער מאָנאָטאָן־גרילץ פון איינזאַמער גריל?
הענגט ער, זייער אייביקער עלנט,
טיף אין בלאָע רוימען פאַרשטאָכן.

# ט אָ פּ אָ ל ע ס

די גרין־געקרויזטע, גלאַט פֿאַרקעמטע
שלאַנקע טאָפּאָלעס העט ביזן הימלבלוי,
שטייען אָפּגעזונדערט, שטאָלץ
און גאווהדיק ענג אין זיך פֿאַרשלאָסן.
זיי דערפֿילן קוים אויף זייערע ריטלעך
דעם צאַרטן קוש פֿונעם זריחה־טוי —
די אַ אייביק־גרינע הוזאַרן
מיט גלוטיקער זון פֿאַרגאָסן.

אויך זיי, די פֿאַרריסענע ביימער —
ווי יעוונוכן — האָבן קיין מאָל נישט דערפֿילט
די זינגענדיקע פֿרייד פֿון נעסטן —
פֿון די פֿייגלנע פּיפּיען.
און ווען זיי גייען שאַרלעך אויף אין דעמער,
פֿון בערג אַ ווינטעלע יאָגט און קילט, —
זיי רויטלען זיך פֿאַרשעמט,
ווי זיי וואָלטן עס גרייט זײַן דאָ צו קניִען.

## הינט און קעץ

1

כ׳האָב נישט פֿײַנט הינט, קעץ.
די פֿײַנטשאַפֿט איז געמאָסטן.
צו וואָס זאָל איך דאָ לייקענען,
הלמאַי?
נישט איין מאָל
העלף איך אַ הונט אַ פֿאַרלאָזטן,
אַ קעצל, אויפֿן ברוק —
כאָטש ס׳איז נישט געטרײַ.

נאָר די וואָס האָבן שטאַרק ליב הינט,
מײַנע הערן,
האָבן פֿײַנט קינדער —
מיר באָמבלט זיך אין קאָפּ.
און ס׳איז וואָר.
האָס וואָלט איך באַוויזן גערן,
ווי מ׳קען באַווײַזן:
אַ טויב איז נישט קיין קראָ.

2

וויפל קעץ און כלבים
כ׳זע דאָ אויף שוועלן!
און מ׳גלעט זיי, מ׳קעכלט זיי,
מ׳קושט זיי אוים דעם עק,
ווען אַזו פיל בלייבע קינדער
וואָלטן וועלן,
מ׳זאָל זיי כאָטש שענקען
דאָס ברויט וואָס מ׳וואַרפט אַוועק.

די ליבשאַפט צו הינט —
נישט מער ווי גאווה,
מיך עקלט. ווי ער איז געפאַלן,
דער מענטש!
די רייד צום כלב
און יעדער גלעט — זשאַווער,
וואָס גאַווערט אָפּ
פון זיינע אַנטמענטשטע הענט.

## זשוקעס און קאָמאַרן

1

ביי נאַכט. מחנות זשוקעס,
זשוקלעך — מיליאָנען
אַרום גאַסן־לאָמפּן,
אויפן טראָטואַר.
אַ זשומען, אַ פליִעניש
גלייך אין פּנים
און ביים טראָט — אין די הורבעס
נעם זיי און פאַרשאַר.

אָ, ניין, נישטאָ
קיין באַהעלטעניש, סיידן
אין האָטעל־צימערל.
נאָר דאָ, גיב אַ קוק:
אַן אינוואַזיע פון קאָמאַרן!
נעם ליידן
פון דאָס ניי ווי אָקערשט
אין דרייסן פון זשוק.

2

און די בערג אַרום,
ווי ספינקסן — שטילן.
שטערן זענען אויך דאָ.
נאַכטיקע רו.
פעברואַר אין קאָרדאָבאַ.
ס׳ווערט נישט קילער.
אַ ביסל רעגן
זאָל מחיה־זײַן די לופט.

אפשר וועט ווינט
די אײַנזעקטן פאַרטרײַבן.
נאָר ער קומט נישט,
כאָטש מען גאַרט דאָ און מען וואַרט.
דערווײַל —
מ׳קען אונטערן סופיט נישט בלײַבן
און אויך נישט אין דרויסן
אויפן טראָטואַר.

# טויבן

אַ זונטיק־פרימאָרגן,
אויף אַ קלויסטער־קאַרניז,
אונטער די געדעמפטע אַקאָרדן
פון אָרגלען —
צוויי טויבן אין בייזן
שנאָבל־געשלעג ביז —
זייער בלוט האָט זיך געגאָסן
פון די גאָרגלען.

איין אויג מײַנס אויפגעריסן —
שטוינט. דאָס צווייטע — וויינט,
און דאָס גאַנצע לײַב מײַנס
הייבט־אָן שפּיציק צוויקן.
אָ, ווי קינדיש און ווי נאַריש
כ׳האָב אַלץ געמיינט —
טויבן קענען נישט
ביזן בלוט זיך צעפּיקן.

## אין דזשונגל

ס׳איז געווען אין אַפריקעס דזשונגל.
אַ פרימאָרגן —
כ׳האָב געזען — אַ פּאַנטערע
האָט פּאַרצוקט אַ לאַם.
מיט איר פרעס האָט זיך די חיה־רעה
נישט געוואָרגן
און שאַ־שטיל האָבן זיך צוגעקוקט
הימל און ים.

כ׳האָב געטראַכט: ווי גרויליק איז
אָט די אַלטע לערע
וועגן שטאַרקן און שוואַכן —
וואָס כ׳האָב איצט געזען בחוש.
דאָס מאָל —
צווישן אַ לעמעלע און אַ פּאַנטערע, —
און עד־היום כ׳פיל דעם גרויל
פון יענעם דזשונגל־בוש.

## היינע־דענקמאָל

דער היינע־דענקמאָל
איז אַלט. אונטן־אויבן —
אָפּגעשלאָגן, שטויביק,
מיט מיסט פֿאַרוויים,
חוץ דעם קוים ערשט
פֿון פֿייגל און פֿון טויבן,
וואָס נעסטן
אויפֿן שטיין פֿון אייביקייט.

איבער אים
אַ צעוואָקסענע טאָפּאָלע
לינעט־אָפּ דאָס מעש
פֿונעם האַרבסט און גלעט
מיט קילן שאָרך
די סורדוטענע פֿאָלע:
אַזוי ווערט פֿאַראייביקט
אַ פּאָעט — — —

# אָונטשײַן

## באַנדאַזשן



## אָאַזיס

## שקיעה-טרעפּ

## פ ײַ ז אַ ז ש י ק

## ביכער פון זעלביקן מחבר:

גערזאַנג אויף דער ערד, **לידער און באַלאַדעס**, בוענאָס־איירעס, 1941

מיט לייב און לעבן, **לידער און באַלאַדעס**, בוענאָס־איירעס, 1943

אַ פּײַפל אין פרימאָרגן, **לירישע לידער**, בוענאָס־איירעס, 1944

ברויט מיט חלום, **לידער פאַר קינדער**, פאַרלאַג „שול־ביבליאָטעק", בוענאָס־איירעס, 1950

די וועלט פאַרבעט מיך שטאַרבן, **לידער און באַלאַדעס**, בוענאָס־איירעס, 1950

(פּרעמירט מיט דער צבי קעסעל־פּרעמיע, מעקסיקע, 1950)

מײַנע ליבע־בריוועלעך צו פרומעטן, **פּאָעמע**, בוענאָס־איירעס, 1952

(פּרעמירט מיט דער ליטעראַטור־פּרעמיע פון דער קהילה אין בוענאָס־איירעס, 1954)

פייזאַזשן פון ישראל, **לידער**, בוענאָס־איירעס, 1954

(פּרעמירט מיט דער אַדאָלף גיומאַן־פּרעמיע פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, 1957)

איך און דער ים, **לידער**, בוענאָס־איירעס, 1958

די שיינע רויז, טעג און נעכט פון אַ מיידל, פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", בוענאָס־איירעס, 1964

די באָרוועסע וואָך, **לידער און באַלאַדעס**, פאַרלאַג „חברשאַפט", בוענאָס־איירעס, 1972

(פּרעמירט פונעם קאַרל ראַטמאַן־ליטעראַטור־פאָנד בײַם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, 1971)

האַרף אין דעמער, **הונדערט קליינע לידער**, בוענאָס־איירעס, 1976

